גרויסע ביבליאָטעק.

אברהם רייזען.

# נייע ווערק.

צווייטעס בוך

# ליעדער.

(נייע זאמלונג).

פערלאג „ביכער-פאר-אלע", ווארשא דלוגא 11.

ווארשא, — תרע"א.

דרוק „האור", דלוגא 11.

# НОВЫЯ СОЧИНЕНІЯ

А. Рейзина.

Томъ Второй.

Изданіе „Бихеръ-Фаръ-Алэ", Варшава, Долгая 11.

1911.

# אינהאלט.

## ליעבע-קלאנגען.



## עלעגיען און געדאַנקען.



## פריהלינג.

זייט

## יודישע לידער.



## סאטירישע געזאנגען.



## פערשידענע לידער.



זייט





# ניטאָ קיין האַלט.

ניטאָ קיין האַלט,
ס׳ איז קאַלט, ס׳ איז קאַלט,
ווי ס׳ וואָלט מיט טויט געבלאָזען — —
און זי — זי האָט פערלאָזען.

*

דו קוקסט זיך אום
אַרום, אַרום
ווער זאָל אַ וואָרט דיר זאָגען — —
און זי — זי האָט בעטראָגען.

*

דו געהסט אָהן זין
אַהער, אַהין —
עס וויל דיין וועה ניט שטומען — —
און זי — זי וועט ניט קומען!...



# פינף באהנען.

פינף באהנען קומען אן פון שטאדט
פון וואן ער דארף אנקומען,
נו, געה איך יעדעס מאל צום צוג
און בין אזוי פערנומען!

די צוגען קומען צו דער צייט,
ס'האט איינער נים פערשפעטיגט,
מיין ליעבער איז דאך אלץ ניטא —
ווי איז מיין הארץ צעוועהטיגט!

און יעדער צוג קומט האסטיג אן
מיט רויך און דאמפף און ליארמען,
דאס אלעס לעגט זיך אויף מיין הארץ,
אז גאט זאל זיך דערבארמען...



# אויף דער פּינקטער עוועניו...

(אַן אַמעריקאַניש־ליעד).

אויף דער פּינפטער עוועניו
האָב איך מיט איהר געשפּאַצירט,
איז זי דאָך געוואָרען מיעד
האָב איך זי אַהיים געפיהרט.

אויפ'ן פינפטען פלאָר געוואוהנט
האָט מיין טייערע — ווי הויך!
דאָך ווער האָט געקוקט דערויף:
כ'וואָלט געשטיגען צעהן פלאָר אויך!

איצטער וואוהנט מיין טייערע
ערשטען פלאָר און צווייטע טהיר,
און ערשט איצט בין איך אַליין,
קען נישט גרייכען מעהר צו איהר...



 אברהם רייזען.

## דו ביזט געװען...

דו ביזט געװען אַ זיסער קלאַנג
אין מײַנע טעג;
אַ קלאַנג פֿערװעהט,
דאָס גליק פֿערגעהט—
דו ביזט אַװעק,
ניטאָ דיך לאַנג...

אָ, זיסער קלאַנג, װאו קלינגסטו 'צינד,
אין װעמעס ליעד?
איך הער מיך צו:
עס קלינגט װײַט־װאו...
עס ציהט, עס ציהט———
װאו ביזטו, קינד?...

# ווער?...

(געווידמעט א–ר),

ווער האט דיר, דו ארימעם קינד,
דיינע יאהרען פערשניטען?
געפיהרט דיך דורך שטורם און ווינד
דורך ים און דורך נאכט
און האט דיך צום ברעג ניט געבראכט —
און געלאזט דיך אין מיטען!...

און קום איך דיך רעטען אצינד,
דא ווילסטו ניט הערען;
א, ווער איז דער גליקליכער, קינד,
וואס איהם זאל געהערען
דיין פרייד פון אמאל
און איצט דיינע טרערען?...



# איך וואלט וועלען...

איך וואָלט וועלען ערגיץ וואו
לאָזען געהן זיך זוכען רוה —
פאַר מיין זעלע מאַט און מיד
פאַר מיין שווער־פערוואונדעט ליעד...

איך וואָלט וועלען ערגיץ וויַט
און פערגעסען אָרט און צייַט,
און פערגעסען אַלע פריינד,
און דעם נעכטען און דעם היינט.

איך וואָלט וועלען וויַט אַוועק,
וואו עס זעהט זיך שוין דער ברעג
פון דעם הימעל און דער ערד
און קיין גליק ניט מעהר בעגעהרט!



# אַח, וָואס װעסטו זָאגען ...

**1.**

אַח, וואָס װעסטו זאָגען דער װעלט
װען זי װעט דיך פֿרעגען:
וואוהין איז דיין מיידעל אַוועק
אין וואָסערע וועגען?

— איך זאָג איהר דעם אֶמת בּאַלד אוים
איך וועל מיך ניט שעמען:
אַוועק איז מיין מיידעל אַוועק,
וועל זאָגען צו וועמען...

**2.**

און אַז ס'וועט דיך פֿרעגען די וועלט
וואָס קלערסטו צו מאַכען
אַ שטאָלצער, צי בלייבּט בּיי דיר רעכט
זי זאָל דיך אוים לאַכען?

— נו, וועל איך מיר ענטווערן שטיל:
דער קלאַפּ איז אַ שווערער
דאָך וועל איך קיין בּייז איהר נישט טהון:
איך ליעב זי איצט מעהרער...



## בײַ מײַן פֶענְסְטֶער.

בײַ מײַן פענסטער בליהט אַן'אַקאַציע —
שוין שפּעט, שוין שפּעט — —
עס קומט אַ פֿויגעל צו פֿליהען און צװיטשערט,
און רעדט, און רעדט...

עס װעט די אַקאַציע פֿערװעלקען, דאָך בליהען
צוריק, צוריק,
און דו װעסט שטאַרבען און קײנמאָל ניט װיסען
פֿון גליק, פֿון גליק...



# ליעד און ליעבע.

האָסט די ליעבע שוין פערגעסען
ס'האָט איהר הויך דיר לאַנג פערקלונגען
אייביג אָבער לעבט מיין ליעבע
ווייל איך האָב איהר וועה בעזונגען...

מאַט און וויסט איז דיין נשמה,
ווי אַ נאַכט אָהן שיין אָהן שטערען,
מיר אין הארץ איז אַלץ נאָך ליכטיג
און מיין ליעד וועט לאַנג געוועהרען.

האָט פערוועלקט מיר שנעל דיין ליעבע
הויבען ליעדער אָן צו בליהען,
און ווען זעלבסט דו וועסט פערוועלקען
וועט מיין ליעד זיך אַלץ נאָך ציהען.

אָ, געבענשט זיי הייליג ליעד מיינס
אויך דו קינד, דו, מיין בעטריגער —
האָסט געמיינט מיך צו ענטמוטען
און געבליבען בין איך זיעגער...



*    *
*

געקומען אַמאָל איז זי נאָר אונגעריכט
מיט צאַרטען און בלאַסען און נאַסען געזיכט.
וואָס ביזטו, מײַן עלענדע טויב, אַזוי בלייך?
האָב איך זי געפרעגט מיט רחמנות און ווייך.

זי האָט ניט געענטפערט, זי האָט נאָר געקוקט
צו מיר אויף'ן האַרצען און פעסט זיך געדריקט.
דאַן האָב איך פערשטאַנען, אַז אַלץ איז שוין צו שפּעט;
און האָב זי געטרייסט און געקושט און געגלעט...



# נאָך דיר ...

נאָך דיר וואָלט איך קיינמאָל געווײנט
מײַן קעניגין — כלה...
דו ביזט דאָך אַ מײדעל געוועז,
אַ מײדעל ווי אַלע...

איך האָב נאָר דײַן ליעבע געליעבט
זי איז געוועז טײַער,
נו, האָט זי דיר איצט אויסגעברענט,
אַוועק מיט׳ן פײַער.

און אויב איך דערמאָן דיך נאָך אָפט,
ניט דיך אָבער מײַן איך,
דו ביזט מיר אַ פרעמדע אַצינד —
די ליעבע בעוויין איך...



* *

איך האָב דיך גענומען צו ליעבען
אין ווינטער אין קאַלטען אין טריעבען
געדענקסטו די ערשטע טעג, זיי?
געבליהט האָט די ליעבע אין שנעע!

געהאָפט, אַז דער ווינטער וועט ציהען
און בוימער און גראָז וועלען בליהען...
און ווי איך האָב פריהלינג דערוואַרט
אַזוי האָט די ליעבע פערדאַרט...



# פון גדר.

... עס ווילט זיך פון גדר אמאל ארויסשפרינגען
און אייך, מיינע ברידער, אנ'אנדער ליעד זינגען:
א ליעד וואס איהר טאן איז א גליהענדע זינד,
וואס יעדערער גראם איז א שטיף פון א ווינד...
און וואס ר'האט געטראגען בחדרי-חדרים,
ארויסזאגען אפען פאר רייך און פאר ארים!
און זאלען זיי וויסען פון לעבען און לוסט,
וואס יעדערער טראגט נאר געהיים אין דער ברוסט.
און זאלען ניט וועלקען קיין פירות אויף בוימער
צוליעב א געהויקערטען אלטען שומר...
און זאלען אויף ליעבע, אויף בלומען און גראז
קיין שומרים, קיין צוימען ניט זיין — אח, צו וואס?...





אברהם רייזען.

## הערצער-שפּיעל.

פון מיין ליעבע ווייסטו, קינד,
כ׳ פיהל דיין שמייכעל;
עס געפעלט פון הערצער-שפּיעל
דיר דער שכל —

'שענקסט דא יא, דא שענקסטו נים
דיין בליק דיין ריינעם;
גאַנגען האָסטו אַלערליי
איך — נאָר איינעם.

און אויך דעם פערליער איך באַלד,
כ׳ בלייב אין מיטען,
כ׳ זעה דעם צווייטען שפּיעלען שוין,
אויך דעם דריטען...

דאָס נאָר מיינסטו, קינד, איך ווייס
דיינע ציעלען;
היט זיך דאָך, אמאָל וועסט דו
אויך פערשפּיעלען!



# צו...

(אַ פֿאָלקס מאָטיװ).

אַ היים צו מיר װאָלסטו געגאַנגען,
מיין ליעבסטע, מיין אויג און מיין קאָפּ —
דיין מאַמע, זי האַלט דיך געפֿאַנגען
זי היט דיך, זי לאָזט דיך ניט אָפּ.

װער האָט דערצו רעכט איהר געגעבען,
איך בין דאָס פֿערשטעהן ניט אין שטאַנד:
איך ליעב דיך פֿיעל מעהרער, מיין לעבען,
װי טויזענדער מאַמעס בייַנאַנד!



אברהם רייזען.

# ס׳ דאכט מיר...

ס׳ דאכט מיר ס׳ עפענט זיך די טהיר
און מיין ליעבסטע געהט אריין,
און איך ווארף מיר גלייך צו איהר:
ביזט געקומען, קינד דו מיין!

און די קליינע שטעהט פערשעמט
ווי א גרויסער, שווערער חטא
און זי מורמעלט שטיל, געקלעמט,
זאג מיר, אפשר איז שוין שפעט...

ניין, מיין גוטע, שפעט איז ניט
כ׳ האב ווי פריהער דיר נאך האלד
דען די ליעבע אייביג בליהט
און איז אייביג ריין, ווי גאלד...



# אין אַ זומער־נאַכט.

גליהענדע,
ציהענדע
רופענדע נאַכט! —
וואו ליגט דיין צויבער,
און וואס איז דיין מאַכט?

ס׳ פלאַטערט,
עס מאַטערט
דאס הארץ אין דער שטיל;
ס׳ ריהרט זיך, עס וועקט זיך
אַ יונגער געפיהל.

קלאַנגען,
פערלאַנגען
זיי פילען דיך אן,
פיהלסט זיך אין גאַנצען
אַ קלינגענדער טאן...

ס' קומען,
ווי בלומען
דיר מעדלעך פערביי
קוקען אין ד'אויגען
דיר לוסטיג און פריי..

קעהרסט זיך
און קלעהרסט זיך:
מיין כלה וואו איז?
וועל איך זי קושען
ווי שטארק און ווי זיס...

יאהרען —
פערלארען —
זיי קומען צוריק;
יונג ביזטו ווידער
און האפסט נאך אויף גליק!...



## צו...

כ׳קען ניט, ליעבסטע, זיין דיין שיצער,
כ׳קען פון אונגליק ניט פארהיטען:
נארען זענען פעסט און זיכער —
כ׳ווייס — דער אונגליק קומט אין מיטען...

כ׳וועל מיך אויך ניט אונטערנעהמען
זיין דיין פיהרער, דיין בעגלייטער,
דען דער וועג פון לעבען, ווייס איך,
איז א קרומער, א פערדרעהטער...

כ׳קען דיר אויך מיין ווארט ניט געבען,
ליעבע אייביגע דיר שווערען,
דען דאס ריינע און דאס שענע
לאזט די וועלט ניט לאנג געווערען...



# פֶּסַח.

אַ גאַנץ ווינטער אין מײַן האַרצען
איז געווען גליטשיג, חושך!
ס'האָט דער פריהלינג זיך באַוויזען,
און אין האַרצען איז יעצט פּסח.

אויסגעראַמט פון דאָרט דעם חמץ,
וואָס ס'איז נאָר געווען זויער:
אויסגערוימט די שימעל־זאָרגען
און דעם אַלטען קאַלטען טרויער.

כ'פּיהל אַ סדר אין מײַן האַרצען,
ריין און ליכטיג, נאָר אַ וואונדער,
קום, מײַן ליעבסטע, אין מײַן האַרצען
זײַ די מלכּה דאָרט אַצונדער!...



# אַדְיֶע.

(פֿון דײַטשישען).

נעוואָלט וואָלט איך אײַנמאָל
בײַן פֿענסטער נאָך שטעהן,
די זון אָנצוזעהן,
ווי אַזוי זי פֿערגעהט,
און אײַנמאָל נאָך זעהן,
ווי דאָס האָר דײַנס, ווי גאָלד,
וואָס כ׳האָב אַזוי האָלד,
אין דעם ווינטעלע וועהט...

איך דענק אָן דעם טאָג

װען איך האָב דיך דערװאַיסט, —

אין דיין װײַס שװאַנען־ברוסט

אונטער שניי־קלאָרען העמד;

אַצינד איז דיין בליק

אַזוי טרויריג און שװער —

דו זינגסט שוין ניט מעהר

און דיין לאַכען קלינגט פרעמד...

די בלום איז איצט וועלק

אונ דאָס בעט איז שוין קאַלט

בעגרים=זשע מיך באַלד———

דײַן נשמה בעגעהרט

נאָך נײַערע פרײַד——

איך פערגין זײַ, קינד, דיר—

פערבלײַב נאָר מיט מיר

ביז פינסטערליך ווערט...



אברהם רײזען.

# מִיט טױזֶענְד אױגֶען.

(נאַכאַהמונג).

מִיט טױזֶענד אױגֶען קוּקט דִי נאַכט,
דֶער טאָג — עֶר קוּקט מִיט אײנֶעם.
דאָך אָהן דֶער זוּן אִיז גראָה דִי עֶרד
אוּן לאַכֶען װִילט זִיך קײנֶעם.

מִיט טױזֶענד אױגֶען קוּקט פֶערשטאַנד
דִי לִיעבֶּע קוּקט מִיט אײנֶעם,
דאָך אָהן דֶער לִיעבֶּע טרױעֶרט אַלץ
אוּן לֶעבֶּען װִילט זִיך קײנֶעם.



# אײנע פון מײנע געליעבטע...

אײנע פון מײנע געליעבטע
האָב איך, אַ פאַרצאָגטע, אַ בעטריעבטע,
מיט בעקעלעך בלאַס,
געטראָפען אין גאַס.
מיר האָבען זיך געגעבען די הענד
און דאַכט זיך, דערקענט...

איך האָב מיך געשפירט
אַזױ װי אַ װאַנדרער, װאָס האָט לאַנג געאירט
און לאַנג איבער ים'ען געשװאומען,
איז אײנמאָל אַהײם דאָך געקומען —
נאָר אַלץ איז געװען שױן פערװיסט —
און אַלץ האָט מיט קעלט איהם בעגריסט...



אברהם רײזען.

# זי קומט שוין ניט מעהר...

זי קומט שוין ניט מעהר אין מיין צימער צוגעהן,
ווי אלע מאל, זיעבען א זייגער;
עס קוקען ניט מעהר איהרע אויגען מיט חן
אויף מיר, ווי איהר ליעבליכער שטייגער.

עס קלינגט מיר ניט מעהר שוין איהר זילבערנע שטים:
„איך האב היינט פערשפעטיגט אביסעל —
געדארפט האב איך געהן נאך א וויילע א היים
צו נעמען פון הויזטיר דאס שליסעל"...

עס מאכען זיך מעהר איהרע אויגען ניט צו,
ווען כ'הויב אן די ליפען צו קוסען
און כ'זעה שוין ניט מעהר, ווי עס הויבט זיך איהר ברוסט
פאר לוסטיגע פרייד און גענוסען.

עס ליעגט שוין ניט מעהר אויף מיין טישעל איהר הוט
און זי רוהט שוין מעהר אויף בעט ניט;
נאח, דאס וואס געוועז אזוי ליעב, אזוי גוט
צוריק קומען קיינמאל שוין וועט ניט...



# עס איז נאָך אין לעבען...

עס איז נאָך אין לעבען אזוי פיעל געבליעבען —
מען קען נאָך אזוי פיעל געניסען און ליעבען:
עס שטעהען נאָך בעכער, וואָס פערלען, וואָס שוימען,
עס שמייכלען נאָך האָפנונגען, גליקען און טרוימען;
עס לאַכען נאָך אויגען און בריסט זיך בעוועגען
און ס'ווינקען נאָך טויזענדער לוסטיגע וועגען —
נאָר ד'האָסט זיך פערמאַטערט אין לעבענס-געריידער,
וואָלסט געוועהן גערען שלאָפען און פאַלען באַלד אנידער...
און ביזט אין דער לאַגע וו'א אינגעל פון חדר,
וואָס האָט פיעל געוואַרט און געהאָפט אויף'ן סדר.
נו, וואָלט ער פון יעדען כוס טרינקען אַרבע,
א יונגעל, ער האָט שוין פון שטעטס אזא טבע:
ער טרינקט אוים דעם ערשטען, דעם צווייטען אין גאַנצען,
דער קאָפּ הויבט אָן דרעהען, די כוסות זיי טאַנצען...
און ס'ווערט באַלד אַנטשלאָפען מיין אינגעל, כיין ליעבער,
לאָזט וויין און חרוסת און קניידלאַך — אַלץ איבער...



אברהם רייזען.

## עס האט מיך דער פרידהלינג גערופען.

עס האט מיך דער פריהלינג גערופען,
ער האט אזוי ליעבליך געוואונקען,
און ס'האט זיך מיין ארימע זעעלע
אין האפנונגען שיער ניט דערטרונקען...

ער האט מיר פערשפראכען פיעל גליקען,
מיין הארץ אנגעפילט מיט געזאנגען,
און בין איבער בערג, איבער טאלען
צו זוכען די גליקען געגאנגען...

אזוי האב איך אלץ אומגעבלאנזשעט
ביז וואנען דער הערבסט איז געקומען,
און ס'האבען דעם סוף פון די גליקען
געצייגט מיר די שטארבענדע בלומען...



# דָוִד צו אֲבִישַׁג הַשּׁוּנַמִּית.

(פֿון ביבעל).

ליעג, מײַן קינד, ליעג,
ליעג אין מײַן בעט,
האַלז מיך און גלעט,
וויעג מיך און וויעג.

וואָס קען מען טהאָן?
אַלט בין איך, אַלט,
קאַלט איז מיר, קאַלט —
וואַרעם מיך אָן.

ס'ענדיגט מײַן וועלט,
נאַכט־שאָטענס שוואַרץ,
דעקען מײַן האַרץ
וועהען מיט קעלט!

וואַרים־זשע, גלעט,
אָרימעס קינד,
וואַרים, געשווינד —
באַלד איז שוין שפּעט!



אברהם רייזען.

* *
*

וואָס־זשע בייִנקסטו, האַרץ,
און וואָס ווילסטו האָבען?
זעה, ווי טויט איז אַלץ,
און שוין לאַנג בעגראָבען!

טויט — קען מעהר ניט לעבען,
טויט — קען מעהר ניט האָפען,
שווייג־זשע שטיל — ניט צופּ —
לאָז אַביסעל שלאָפען...



# ווי אַבְּלוּם.

(פאָלקס מאָטיוו).

ווי אַבלום אָהן טהוי פערדאַר איך
אָהן אַקוש און אָהן אַגלעט;
שטענדיג וואַרט איך, שטענדיג האַר איך
און עס וועט שוין זיין באַלד שפּעט.

וואו־זשע איז ער, מיין בעשערטער?
קום שוין גיכער, קום שוין, קום!
נאָר איין קוש, צוויי ליעבע ווערטער
און עס בליהט צוריק די בלום...



# מַלְכוּת.

האָב איך אַ מלכּה דאַן בין איך אַ מלך,
פיהר אַ מלוכה, רעגיער,
איז מיר די מלכּה פערלאָרען — אוים מלך,
און די מלוכה מיט איהר.

אָ, וויפיעל מלוכות האָב איך שוין פערלאָרען,
מלכּות — זיי זענען ניט טריי.
כ'וואָלט דאָך אַ מלכּה נאָך איינע גענומען —
אומעטיג איז סיי ווי סיי...



## צו...

עס לויערן, קינד, אויף דיר דאָרשטיגע אויגען
אויף איטליכען טריט,
און ווערסט וואס אַ טאָג אַליץ אין נעצען פערצויגען, —
איך וואָלט דיך פערהיט!

אויף פליגלען פון אָדלער וואָלט איך דיך געטראָגען,
מיין הערליכעס קינד,
ווייט פון דער ערד, פון די זאָרגען און פּלאָגען,
ווייט פון איהר זינד.

איך וואָלט אויסגעמיטען אַפילו די שטערען, —
אויך זיי ניט געטרויט —
כ'וואָלט וועלען, דו זאָלסט נאָר אַליין מיר געהערען,
נאָר מיר און דעם טויט!...





אברהם רייזען.

# טײַערע בילדער.

טײַערע בילדער
פון יוגענד פערגאנגענער,
כ׳בין בײַ אײַך שטענדיג,
ווי א געפאנגענער.

איז זי געוועזען
ניט קײן געלונגענע —
שוועבען דאך אלץ נאך
טרוימען צושפרונגענע...

ציהען זיך בילדער,
ווי אויף א שנירעלע:
ס׳לײַכטען זיך אויגעלעך:
אסתר׳קע... מירעלע...

בלײַבסט ווי דערשראקען,
בלײַבסט א פערוואונדערטער:
ס׳איז אזוי ווײַט איצט
פאר מײַלען פאר הונדערטער...



# זַיי אַשׁוּץ מִיר...

(נ״ד ביאַליק).

זײַ אַ שוּץ מיר, זײַ אַ שוועסטער
אוּן אַ מאַמע מיר אפילוּ,
לאָז מײַן קאָפּ אין שויס דיר לעגען,
אויסצוּגיעסען דיר מײַן תּפילה...

אוּן פאַר נאַכט, אין צײַט פוּן רחמים
וועל איך עפנען דיר מײַן טענה!
מ׳זאָגט ס׳איז ערגעץ דאָ אַ יוּגענד —
וואוּ איז מײַנע?

אוּן אַ סוֹד נאָך וועל איך פרעגען:
כ׳בין פערברענט פוּן שׂעה׳ן טריבע;
מ׳זאָגט, ס׳איז ליבע אויף דער וועלט דאָ —
וואָס איז ליבע?...


אברהם רייזען.

שטערן האָבען מיר בעטראָגען
אונ דער חלום איז קיין וואָהר ניִשט;
איצטער אין דער וועלט דער גאַנצער
האָב איך גאָר ניִשט...

זיי אַ שוץ מיר, זיי אַ שוועסטער
אונ אַ מאַמע מיר אַפילו,
לאָז מיין קאָפּ אין שוים דיר לעגען
אויסצוגיעסען דיר מיין תפילה...



# דָאס לֶעבֶּען.

נאָך אַ מאָנטאָג, נאָך אַ דיִנסטאָג —
טעג — זיי פליִהען;
פון איין וואוינונג אין דער צווייטער
איבערציִהען.

ביכער טוישען... טוישען קליידער
און אידעען,
און די ליעבע, און די ווייבער —
וואס קען פרעהען?

אָך, אין אַלעם איז קיין זין דאָ
אויף אַ האָר ניִשט,
און עס טרינקט זיך די נשמה
אין דעם גאָר ניִשט.



# אין פּליען.

ביזט פון אלע פיער זייטען
אין פליען דא געקומען,
און ווי אזוי קענסטו
אויף א וועג ארויסקומען?

פון איין זייט דער עלענד
פון דער צווייטער — די נויט.
פון הינטען דאס לעבען,
פון פארענט — דער טויט.

דו ביסט שוין היינט־מארגען
ביי'ן פיינד אין די הענד — — —
א הער ווי עס קראכען
פון פעסטונג די ווענד...



# דָאס וָואָרְט.

אַ וואָרט רוהט מיר אין האַרצען —
ס'איז נײַ און פרײַ און פרום;
איך קען איהם ניט אויסרעדען —
איך בין פאַר איהם נאָך שטום...

אַ צווייטער וועט איהם זאָגען
אין יאָהרען לאַנג אַרום;
דאָס וואָרט איז אָבער מײַנעם —
געווען בין איך נאָר שטום...



# אין אַ שלאָפלאָזע נאַכט.

אַח, עס איז ניט אויסצוהאַלטען —
ווי עס שלייכען זיך געשטאַלטען
אין דער נאַכט אָהן שלאָף, אָהן רוה!
אַלטע טעג, שוין לאַנג פערגאַנגען,
פול דעם צימער אָנגעגאַנגען,
און זיי קומען אַלץ נאָך צו.

פול דעם צימער אָנגעלאָפען,
מאַנכע דראָהען, מאַנכע שטראָפען,
אַלע אָבער פריינד, אויף דו...
איין געשטאַלט נאָר איז מיר טייער,
אין די אויגען ברענט אַ פייער, —
יוגענד, יוגענד, דאָס ביזטו!...



# דער הימעל...

דער הימעל איז לופט — ס׳איז מעגליך!
די ערד אבער, פריינד, איז אונערטרעגליך.
זי האט מיך אזוי מיעד געמאכט — —
די בעסטע כוחות אויסגעבראכט
אויף נויט, אויף פיין...
א פריינד, מיין בעטען הער:
דעם הימעל ניט צושטער —
לאז דעם הימעל זיין!



## צו׳ם מזל.

בעט איך רעגען שײַנט די זון,
בעט איך זון־שײַן — פּלײַצט א רעגען;
מזל! וואָס וועט זײַן דער פון
וואָס דו גערסט מיר אַלץ ענטקעגען!

און בעשערסטו מיך שוין ווען
דאָס, וואָס ס׳האָט דאָס האַרץ בעגערט,
ווײַזט זיך אוים עס אַזוי קליין,
און דער אומעט גרעסער ווערט...



# קאַרטען־שטיבעלעך.

װען איך בין געװען אַ קינד נאָך
און געבליהט, װי אַ בלום אין גאָרטען,
פלעג איך ליעב האָבען צו בויען,
קלײנע שטיבעלעך פון קאָרטען.
אָ, דו ליעבע קינדהײט מײנע!
אָ, איהר שעהנע, גוטע יאָהרען!
איך געדענק אײך און די הײזלעך —
קאָרטען הײזלעך אין פיעל גאָרען.
יאָ, איך בין געװען אַ מײסטער —
הויכע שטאָקען פלעג איך שטעלען,
און בעטראַכטענדיג דעם בנין,
פלעגט מײן האַרץ זיך פרעהען, קװעלען.
„זעהט, װי הויך און שעהן מײן הויז שטעהט!"
פלעג איך רופען מונטער פרעהליך —
„נאָר ניט ריהרט עס אָן, אַך, היט זיך, —
„נאָר פאַמעליך, נאָר פאַמעליך..."

 אברהם רײזען.

דאך ס'האט ווער א הוסט געגעבען —
און מיין בנין איז צופלויגען,
און בעטראכטענדיג דעם חורבן,
פלעגען וויינען מיינע אויגען.
לאזען לאנג מיין הויז דאך ליעגען
איז א חרפה, איז א שאנדע —
„איך וועל ווידער עס אויפשטעלען!"
הערט זיך מוטיג מיין קאמאנדע.
כ'האב אין האנד די זעלבע קארטען
און דער ווילען איז נאך גרעסער,
און איך האב גענומען בויען
אויף דאס=ניי מיין הייזעל בעסער.
לאנג איז יא דער ווינטער אבענד
און דער ווינד, ער פייפט אין קוימען,
שטונדען לויפען און איך מערק ניט,
כ'בוי מיר הייזלעך — קינדער=טרוימען!...



לענגער זיינען יעצט די נעכט נאך,
און די ווינטען פייפען בייזער;
און איך הער ווי דרויסען פלאצען
ניט פון קארטען — עכטע הייזער!
אוי, ווי וואלט איך איצטער וועלען
אין די הייזלעך זיך פערשפילען,
נאר וואו זאל איך נעהמען קארטען,
נאר וואו זאל איך נעהמען ווילען?
מיינע קארטען — פיעל צוריסען
און די איבריגע פערשימעלט,
און דער ווילען אין א ווינקעל
פון מיין הארצען ליעגט און דרימעלט...
וי, ווי לאנג דער אבענד ציהט זיך,
ס'האט די אוהר ערשט צעהן געשלאגען;
גאט דו מיינער! וואס-זשע טהוט מען
ביז ס'וועט אנהויבען צו טאגען?



אברהם רייזען.

# אַ געדאַנק.

מיר זינגען קיינמאָל, וואָס מיר ווילען
און זאָגען קיינמאָל, וואָס מיר דאַרפען,
און וואו אהין מיר זאָלען ציעלען,
דאָרט קענען קיינמאָל מיר ניט וואַרפען.

און אונזער לעבען איז אַ לאַנגער,
אַ דריקענדיגער פאַלשער ניגון,
און אַלץ וואָס ווייטער ווערט אונז באַנגער,
און זוכען אַלץ זיך מעהר בעטריגען...



*  *
*

ניין, איך וועל אהיים ניט פאָהרען —
כ'שעם מיך ווייזען מיינע יאָהרען,
פאַר מיין געסיל, פאַר מיין שטיבעל —
האָבען וועלען זיי פאַראיבעל...

אַח, זיי האָבען מיך ערצויגען
מיט אַ העלען בליק אין ד'אויגען;
אַח, זיי האָבען מיר געגעבען
מוט און שטאָלץ צום וועג פון לעבען.

און איך האָב ביי זיי גענומען,
קוואַלען ליעדער, האָפנונגס-בלומען,
און אַ קאָפּ — געקרייזט, אַ שווארצען
און פול ליעבע אין מיין האַרצען.

און זיי וועלען מיך יעצט פרעגען:
וואָס האָסטו געטהון אין וועגען?
זעה ווי מיעד דו ביסט, פערמאַטערט,
אַלץ פערשווענדעט, אַלץ געפאַטערט...



אברהם רייזען.

# הערבסט־מעלאדיען.

## I.

ווי די טראפען טריפען שטיל,
און ווי לאנגזאם און ווי קיהל,
פונקט זיי וואלטען אבגעגעבען
מיר א חשבון פון מיין לעבען.

ווי זיי טריפען נים געאיילט,
ווי זיי וואלטען אויסגעציילט
פון מיין לעבען אלע רגע'ם
אלע אונגליקען און פגע'ם...

הערט אויף צעהלען! ס'ווערט צו באנג
און דער חשבון איז צו לאנג,
און ווי פיעל איהר זאלט נים צעהלען,
בלייבען וועט א סך פעהלען...



## II.

פֿײַכטע ווינדען וועהען
אין דער טריבער לופֿט;
פֿױלע חמאַרעס געהען
אין געשלאָס'נע רײַהען —
קוים דער רעגען טריפֿט!

נעלע בלעטער ליגען
אויף דער קראַנקער ערד,
ווי אַ פֿײַנד בעזיגען,
וואָלט נאָך לאַנגען קריגען
זיי מיט שאַרפֿען שווערד...



# פֿריהלינגס־לידער.

## I

אָ, וואָס ווילסטו, פֿריהלינג, האָבּען
מיט די בּלומען דיינע פֿיעלע,
מיט די זונען־שטראַהלען,
מיט די שטערן־נעכט די שטילע?
דיינע אַלע שענע בּילדער
קענען גליקליך מיר ניט מאַכען;
מיט דיין צויבּער וועסטו מיך ניט
ריהרען — איך זאָל שמייכלען, לאַכען!
לאַנג פֿערוועלקט שוין מיינע בּלומען,
לאַנג פֿערלאָשען מיינע שטראַהלען,
און די שטערן פֿון מיין הימעל
זענען לאַנג אַראָבּגעפֿאַלען...
אָ, פֿערניכטע דיינע בּלומען,
אָ בּעהאַלט די זון און שטערן!
גיב מיר וואָלקען, גיב מיר שטורם —
ווײנען וועל איך מיט דיר גערן!..



## II.

צו־פריה ביזטו פריהלינג געקומען —
עס ליעגט אין מיין ברוסט נאך בערג שנעע,
עס בליהען די רויזען און בלומען,
מיין הארץ אבער טהוט מיר נאך וועה...

איך האב נאך פאר דיר ניט קיין ליעדער:
דער ווינטער בעדעקט נאך מיין וועלט;
עס פיהלען דיך ניט מיינע גלידער,
איך זינג אליץ פון שטורם און קעלט...

לאך לאזען די פייגעליך דיר זינגען:
געמאכט האסטו גרין זייער בוים;
א, פריהלינג, וואו זאל איך דיר זינגען:
צי האסטו געבראכט מיר מיין היים?!



אברהם רייזען.



איך האב זײ געגעבען
דאס שענסטע פֿון לעבען;
אָ, לויטערע טרעהרען ווי גאָלד,
מען האט מיר מיט שטײנער געצאָהלט!

נו, וועל איך מיך יעצט דאך ניט קלעמען,
די שטײנער זײ וועל איך מיר נעמען,
איך ווײס אויך מיט שטײנער צו האַנדלען:
איך וועל זײ אין פּערלען פֿערוואַנדלען.



# אויפ'ן ים.

I

ווי א בייזע צווייטע מאמע
ווארפט דער ים מיין שיף — די וויעג;
וועלכע בייזע ליעדער זינגט ער,
ווי עס איבעלט — קוים איך ליעג!

ווי א בייזע צווייטע מאמע
ווארפט ער אום מיין וויעג און שעלט:
דאך ער וועט מיך ניט פערוויעגען,
כ' חלום פון א נייער וועלט!

כ' חלום וואכענד — רוהיג ליעג איך,
אין מיין נייער וויעג און שטום,
עפיס בענקט זיך, נאר איך וויין ניט —
פאר'ן ים א טרער — ווי דום!



אברהם רייזען.

# אויפ'ן ים.

## II.

בייזע ליעדער זינגט דער ים מיר,
זיינע וועלען — ווי זיי זידען!
ווי ער וואלט גאר מיט מיין רייזע
ניט אין גאנצען זיין צופריעדען.

„וו'הין געשלעפט זיך — נע־ונד'ניק?
וועניג אין דער וועלט געפאהרען?
ניט געקענט א ווינקעל קריעגען
פאר אזוי פיעל לאנגע יאהרען?

ניט געקענט א ווינקעל קריעגען,
ניט געקענט א הויז זיך בויען?
וועניג גליקען האט דיין היים נאך,
וועניג גיעט דארט ליעבע פרויען?

װאָס־זשע טרײַבט דיך, װאָס־זשע יאָגט דיך
אין דער װעלט אַלץ װײַט און װײַטער?
זוכסט אַלץ נײַע ברײַטע הימלען,
מײנסט אַז דאָרטען איז עס הײַטער?"

און איך הער עס און איך שמײכעל,
האַלט מיך אײן קוים פון געלעכטער
און איך פײַף מיר צו אַ ליעדעל,
װי אַ מופקר, װי אַן עכטער.



אברהם רײזען.

# פון שטאָדט.

נו, איז עס אַ מאָדנע, משוגענע וועלט:
איך געה אין די גאַסען פון אומעט געקוועלט;
און מענשען זיי געהען פאַמעלעך און גיך —
וויפיעל פון זיי זענען אויך אַזוי אומזאָם ווי איך —
ווי גוט וואָלט געוועזען צו איינעם פון זיי
גלייך צוגעהן, זיך טיילען די פרייד און דעם וועה;
יאָ, צוגעהן און דריקען אַ מענשליכע האַנד — —
נו, איז עס אַ מאָדנע משוגענע וועלט:
עס האָט אונז נאָך קיינער דאָ ניט פאָרגעשטעלט;
נו, בלאָנזשעט אייך, מענשען — איהר זענט ניט בעקאַנט...



(פֿרײַ איבערזעצט).

* *
*

אויסגעזונגען אַלע ליעדער,
אָרים האַרץ דו, שווײַג אַביסעל:
ס׳איז אויף אַלץ שוין דאָ אַנטוואָרטען,
ס׳איז צו אַלץ שוין דאָ אַ שליסעל...

כ׳בין דער לעצטער שוין פּאָעט
און דער לעצטער אויפגעשטראַהלט,
ווי אַ פֿונק בײַ נאַכט, וואָס פֿאַלט
פֿון אַ גוסס׳ער פּלאַנעט...

און נאָך מיר אַ פֿינסט׳רע נאַכט —
פֿון דער וויסענשאַפֿט אַ בליהען
און דער שׂכל וועט זיך מיהען
אויסצוראָטען פֿאַנטאַזיען,
און אַ ווינטער וועט זיך ציהען
אין אַ גרויען אומעט־טראַכט...



## צו אָרימע.

אָרימע, עלענדע, פינסטערע, טרויריגע,
אויגען פערטריקענטע, כּוחות פערמאַטערטע!
באַקען צוקאָרטשעטע, ליפּען צו׳שׂרפה׳טע,
יוגענדס און יאָהרען, און לעבענס ג׳פּטר׳טע!

טרוקענע ביינער, צודאַרטע פון אָרימקייט,
פּלייטצעס פון משא געקאָרטשעט, געבויגענע!
זינגען פאַר אייך וועל איך ליעדער פער׳יאוש׳טע,
זינגען פאַר אייך וועל איך טענער געצויגענע!

כ׳קען ניט קיין ליעדער, קיין אַנדערע, פרייליכע,
צו פיעל געזעהען האָב איך צרות אייערע —
קען איך דען פרעהליך זיין, ווען עס דערטרונקען זיך
אין טרערען די ברידער, די ליעבע, די טייערע!



# אָ, צו׳ם טײװעל.

אָ, צו׳ם טײװעל, איך װעל אײַך ניט הערען,
האָטש אַפּילו איהר האָט רעכט,
האָטש איך פיהר מיך אויף גאָר שלעכט,
דאָך איך דאַרף ניט אײַ׳רע קלוגע לעהרען!

װאָס איך טהו — דאָס פיהרט צו טויט און העלע
און דאָס אַלץ, װאָס איך בעגעה
טהוט דערנאָכדעם אַזױ װעה,
דאָך אין װעהטאָג ליײַטערט זיך די זעעלע!



אברהם רײזען.

# מײַן ליעד.

און וואָס איך פֿערמעג,
און וואָס איך בעזיץ:
פֿון ליכטיגע טעג
דעם שײַן און דעם בליץ;

פֿון פֿינסטערע נעכט
דעם זיפֿץ און די טרער,
דאָס בינד איך און פֿלעכט
אין ליעדער אַהער.

עס איז אַ געמיש
פֿון שאָטען און שטראַהל:
פֿון איהרען אַ קיש,
אַ וואָרט ווי פֿון גאַל.

אַ ביסעל פֿערזיסט,
אַביסעל פֿער'סמ'ט;
עס איז ניט אומזיסט
דאָס ליעדעל בע'טעמ'ט...



# טעג...

טעג זיי זענען גלייך צו מענשען
און זיי לעבען און זיי שטאַרבען...
פריהלינגס ערשטע טעג — ווי קינדער
זענען זיי מיט זייער שמייכלען.

איך האָב ליעב די קליינע קינדער,
און די ערשטע טעג פון פריהלינג —
ווייסען גאָר ניט פון געוויטער,
און זיי שפּיעלען אַזוי פרייליך...

זומער טעג — שוין אָפּט ערפאַהרען
מאַנכען בייזען בליץ און דונער
און זיי זענען שוין בעזעסען,
ווי צדיקים — פרום און רוהיג...

אברהם רייזען.

כ'האָב ניט ליעב די טעג פֿון זומער!
עפּיס דאַכט מיר אַז זיי רעדען:
גאָט צו דאַנקען, ס'וועט אַ זוֹל זיין,
אַזש עס ווילט זיך וואו אַנטלויפֿען...

*

ערשטע טעג פֿון הערבסט! אָ, בלייבּע!
ווי בּעליעבּט זענט איהר מיין האַרצען!
אוי, ווי ריהרט מיך אייער שמייכעל,
וועלכער פֿאַלט אויף הוילע פֿעלדער!

כ'הער אין איהם דעם זינן פֿון לעבען:
אַלעס מוז זיין ענדע האָבען:
און דער פֿריהלינג און דער זומער —
וואָס עס בּליהט, מוז ענדליך וועלקען...



## די מענשען...

וואָס קוקען די מענשען
פערבענגט און פעריתום'ט,
וואָס זוכען די מענשען,
וואָס בלאָנזשען זיי, האַ?

עס בענקען די מענשען
און זוכען די ליעבע,
עס בלאָנזשען די מענשען
און זוכען דאָס גליק.

אַח, אָרימע מענשען,
אומזיסט אייער זוכען;
אַח אָרימע מענשען —
דאָס בלאָנזשען אומזיסט!

געפינט איהר די ליעבע
איז זי מעהר קיין ליעבע;
דאָס גליק ווען איהר קריגט עס —
עס איז שוין אוים גליק!

וואָס לויפֿען די מענשען
מיט שרעק אין די אויגען?
וואָס זוכען אַ שוץ זיי —
פֿון וועמען — פֿאַר וואָס?

עס לויפֿען די מענשען
פֿערווירט און דערשראָקען
און זוכען זיך שיצען
פֿון שונא — פֿון טויט.

נו, אָרימע מענשען,
וואָס האָט איהר דען מורא?
דאָס לעבען איז ערגער
און שרעקליכער פֿיעל.

אַח, אָרימע מענשען,
אומזיסט אייער לויפֿען...
עס לויערט און פּאַקט אייך.
פֿון הינטען דער טויט...



# אין וואַלד.

קײן מיטאָג געגעסען
האָט ער אַ וואָך צײַט,
קײן געלד און קײן לויהן,
און די הײם — אַזוי ווײַט.
שטאָט אַרבײט געפינען —
נאָר הונגער און נויט,
נאָר וואָגלען און בעטלען
און קוים אַ בראָק ברויט...

וואָס געהט ער, דער אַרבײטער,
אום דאָ אין וואַלד?
וואָס ווערט איהם דאָ הײם
און וואָס ווערט איהם באַלד קאַלט?
וואָס קוקט ער פערצאָרענט,
פער׳יאושט אין רוים,
וואָס בלאָנזשעט זײן בליק
פון אַ בוים, צו אַ בוים?


אברהם רײזען.

די זון גײט אַרונטער
און שטיל ווערט אַרום,
אַ פֿײגעל נאָר רעדט וואָס
און ווידער שוין שטום;
וואָס האָט זיך צושאָקעלט
דער בוים הין און הער—
צי איז דען דער מאָגערער
מענש אַזוי שווער?

דאָס שטריקעל — אַ לײַכטעס,
ניט איבעריג גראָב —
נו, ליגט שוין זײַן האַלז דאָרט
און לאָזט שוין ניט אָב...
דאַן זינקט ער אַראָב,
שאַ... קײן קרעכץ און קײן קול—
די זון אָנגעקוקט האָט ער
שוין אַ לעצט—מאָל...

דער טױ אױף איהם פֿאַלט,
ס׳האָט דער טאָג שױן ערװאַכט,
דער פּאַסטוך ער שאַלט,
אַ טײַבעלע לאַכט...
עס לעבט און עס שװעבט
װי ס׳װאָלט גאָר נישט פּאַסירט,
אַ װינטעל גלײַכגילטיג
פֿײַפֿט אונטער, שפּאַציערט...

אַ יעגער פֿון בערגעל
קומט אונטען אַראָב,
דערזעהט דעם געהאַנגענעם,
שנײַדט איהם באַלד אָב,
ער גיעט די בעהערדען
צו װיסען עס באַלד;
זשאַנדאַרמען און אױספֿאָרשער
קומען אין װאַלד.

אין פראַק אין אַ העלען,
אַ הערר פון געריכט
פאַרשט אוים צו קיין רוּיבמאָרד,
ווי ס'הייסט איהם זיין פפליכט.
זיי פיהרען דעם מת דערנאָך
ערגעץ אַוועק,
און שפּעטער — אַ קבר
אין פעלד, און אַנ'עק!

און ווייל ס'האָט איהם קיינער
פון פריהר ניט געזעהן,
בעקומט ער די נומער
דרייהונדערט און צעהן;
דרייהונדערט און ניין
איז בעגראָבען שוין לאַנג —
ווער האָט זיי געליעבט,
וועמען טהוען זיי באַנג?



# נאָך ליעבע.

ס׳איז שוין שפּעט געוועזען אין אָבענד
און ער׳
אין גאַס, האָט געבלאָנזשעט אַהין
און אַהער;
געזוכט אַ בעקאַנטען — דאָס האַרץ האָט
געקלעמט.
נאָר קיינעם געפונען, אַח, אַלע
ווי פרעמד!

צו געהן אין זיין צימער האָט ער נישט
געקענט:
דאָרט שרעקען איהם איינזאַמע, גרויע
פיער ווענט.
דאָרט האָט ער אויך ביכער, — זיי זענען
שוין אַלט,
און זייערע ווערטער, ווי שווער און
ווי קאַלט!

נו, האָט ער בעגעגענט אַ פֿרוי אין
אַ ראָג —
אַ סימבאָל פֿון שטאָדטיגען עלענד
און פּלאָג.
זי האָט אָנגעקוקט איהם, ווי שמייכלענד,
דאָך שטום,
נו, האָט ער פֿערשטאַנען און האָט געזאָגט:
קום!...

זי האָט איהם דורך גאַסען און געסלעך
געפֿיהרט
און פונקט, ווי איהר שאָטען האָט ער זיך
געשפּירט...
עס האָבען איהם דונקעלע הײַזלעך
געשרעקט
„ווי ווײַט איז צו געהן נאָך?" האָט שטיל ער
געפֿרעגט.



# איך וויל נישט.

איך וויל נישט זיין גרויס — מיך ציהט נישט דערצו —
וואס האט פאר דער צייט די גרויסקייט א ווערד?
איך וויל נאר א ביסעל הארמאניע און רוה,
און וועניגער טרערען צו זעהן אויף דער ערד.

איך וויל נישט קיין קאמפף און איך וויל נישט קיין שטרייט,
צו ברענגען מיט געוואלד דעם עקשן, דעם גליק;
איך וויל נאר, אז קלוג זאלען ווערען די לייט. —
זאל יעדער אליין זיך בעפרייען פון שטריק..



אברהם רייזען.

# כָּל זְמַן ...

כל זמן ביזט נאָך ניט פאַרפאָהרען
אין די שווערע, גרויע יאָהרען,
זאָלסטו וואַנדערען אויף פאָהרען
אין דער ווייטער וועלט ...

ס'איז גענוג פאַר דיר נאָך באַהנען
וואָס זיי פיהרען דיך פון דאַנען
נאָר נישט פרעג: וואוהין, ביז וואַנען —
זוך נישט קיין געצעלט!

ס'איז גענוג פאַר דיר נאָך שיפען,
וואָס זיי לויפען, וואָס זיי שטיפען,
אויף דעם ברייטען ים, דעם טיעפען —
זיץ ניט אויף קיין אָרט!

ס'וועט די גוטע שיף דיך טראָגען
און די חוואַליעס וועלען יאָגען,
וועלען יאָגענדיג פערטראָגען
דיינע זאָרגען פאָרט!



# פְּרִיהלִינְגְם־שְׁטִימֶען.

סנאָפּעס שטראַהלען, פלאַמען ליכט,
פאַלען מילד אויף מיין געזיכט,
און זיי וואַרעמען און גלעטען,
און זיי קושען, און זיי בעטען:
טרייב דיין צער,
לעב, דו נאַר!

און דער טייך וואָס איז געלעגען
שטיל דעם ווינטער אָהן בעוועגען,
האָט דאָס לעבען יעצט דערפיהלט,
און ער טראָגט זיך האַסטיג, ווילד,
און ער שרייט:
„ווער בעפרייט!"

און די פייגעל איבער דעכער
פליהען הויך און זינגען העכער:
אַך, ווי פרעהליך איז דאָס לעבען,
אין דער לופטען פריי צו שוועבען —
מענש אויך זיי
פייגעל־פריי!...



## צו די ערשטע שטראהלען.

אין מיין קליינעם שמאלען פענסטער,
שיקט מיר פריהלינג א גערים,
אז ער געהט, ער איז אין וועג שוין,
אז ער קומט שוין באלד געוויס!

ברוך הבא, ליעבע שלוחים,
גאלדנע שטראהלען! קומט אריין!
אין מיין קליינעם ארמען צימער,
וועט איהר שענע געסט גאר זיין.

יא איהר שטאמט פון הויכען יחוס,
קינדער זענט איהר פון דער זון;
מילא, מילא, ליעבע שטראהלען!
קומט אריין, וואס ווערט דערפון?

איך בין אויך קיין קליינער יחסן:
פראסט און ווינד — פון מיינע פריינד!
אט די ביידע ברידער האבען,
עהרליך מיר בעזוכט ביז היינט.

פֿראָסט — ער איז אַן אַלטער פּריץ,
רעדט קיין וואָרט, דאָך אין דער שטיל
גיט ער דיך אַ דריק אַ פֿעסטען,
אַזש עס ווערט דיר מאָדנע קיהל...

ווינד — ער איז אַ היבשער זינגער
און ער זינגט די גאַנצע צייט,
נאָר ער זינגט אַלץ מיט אַ שאַרפֿקייט,
אַזש אין האַרצען שנייַדט און שנייַדט.

ווייסט איהר, שטראַהלען, מיינע געסט שוין,
זענען אויך ניט אַבי־ווער...
קומט־זשע גלייך צו מיר אין צימער —
ליעבע שטראַהלען קומט אַהער! —




אברהם רייזען.

# פאַר פֿרִיהלִינג.

ס'איז דער אדר שוין געקומען,
אוים פֿון פֿראָסט און קעלט צו שוידערן,
און די וואַסערליך זיי ברומען,
און זיי רוישען, און זיי פלוידערן.

פֿון די דעכער אָהן אויפֿהערען,
רינען טראָפּען, רינען, פֿליעסען;
און עס דאַכט: דאָס זענען טרערען,
וואָס פֿאַר פֿרייד די הײַזלעך גיעסען.

אויף די פֿריזבעס, אין די הויפֿען,
שפּיעלען רייזעליך, אברהמ'לעך
און זיי האַנדלען און זיי קויפֿען
אין די כּלומר'שדיגע קרעמלעך.

און די זון זי ווינקט פֿון הימעל:
כ'וועל אײַך שיקען שטראַהלען הייסע,
נאָר איהר האַנדעלט אָהן געטימעל
און ניט שלאָגט זיך ווי די גרויסע...



# פְרייהייט.

עֶס האָט שוין דעֶר העֶר־גאָט די פרייהייט געֶשעֶנקט
און נִיט נאָר פעֶרשפּראָכעֶן, נאָר טאַקי עֶרפילט;
די ווינדעֶן די בייזעֶ — זיי זעֶנעֶן געֶשטילט,
קיין חמאַרעֶ קיין שוואַרצעֶ דעֶם הימעֶל פעֶרהעֶנגט.

דעֶר שנעֶ — עֶר צולאָזט שוין; מעֶן זעֶהט, עֶר געֶהט אוים,
עֶס ווייזט זיך שוין עֶרטעֶרווייז שטיקעֶלאַך עֶרד;
עֶס האָט זיך אַ ליעד פון אַ פויגעֶל דעֶרהעֶרט, —
די זון קוקט שוין אָפעֶן פון הימעֶל אַרוים.

די וואַסעֶרליך פליסעֶן און פלוידעֶרן פריי,
דעֶר ווינטעֶר פעֶרשפּאַרעֶן זיי וועֶט שוין נִיט מעֶהר;
און וואו נאָר דו גיעסט דיינעֶ אויגעֶן אַ קעֶהר,
דעֶרזעֶהסט דו, ווי ברייט און ווי העֶל און ווי ניי!



אברהם רייזען.

# דער תּלמוד.

כ'נעם דעם תּלמוד אין דער האַנד
און ס'ענטפּלעקט זיך נייעם לאַנד,
נייעם לאַנד און נייער ישוב,
און עס שוועבּט אויף אַלץ אַ כּשוף...

ס'וועהט, עס געהט אַנ'אַנדער' לופט
און אַ בּת־קול, דאַכט זיך, רופט,
און עס הויבּט זיך אָן צו בּענקען
ווייט פון קראָמען און פון שענקען...

און בּיי'ן מישען יעדעם בּלאַט
פליסטערט דאַכט זיך, שטיל: אַ, שאַט!
שאַט, רבּותים, דאָ איז הייליג,
גרויסע האָבּען דאָ אַ חלק...

גרויסע גייסטער, ניט ווי מיר,
קענען קומען אין דער טיהר,
וואו אָהן אָנהויב און אָהן ענדען
וועהען בּת־קול'ס און לעגענדען...



אברהם רייזען.

# כָּל נִדְרֵי.

אָ, דו טרויריג=זיסער ניגון,
וויפיעל זיפצען, קרעכצען ליעגען
אין דיין יעדען קלאנג!
אלטע בילדער און געשטאלטען
פון דעם גרויסען פאלק און אלטען
שטעהען אויף פון לאנג.

אָ, זיי שטעהען אויף פון העהלען
און זיי קרעכצען און דערצעהלען:
פון הישפאניען שטאמט
אט דער ניגון פול מיט טרויער,
וואס ער דרינגט אין הארץ פון אויער
און דער גלויבען פלאמט!

ס׳האָט פֿערפֿאַסט איהם דאָרט דער גלות
און דאָ קלינגען חרמות, קללות
פֿון אַ פֿאָלק, וואָס האָט
נישט געטאָרט זיין תורה היטען,
זיינע מצות זיינע זיטען
און געבעטען גאָט:

„זיי אונז מוחל, וואָס פֿון אויבען
האָבען מיר מיט פֿרעמדען גלויבען
אונזער גוף פֿערהילט!
אונזער האַרץ דאָך קען נישט שטילען:
הייסע יידישע געפֿיהלען
ברענען דאָרטען ווילד!״



# אין סֻכָּה.

(אין פֿאָלקס-טאָן).

אַ סֻכָּה אַ קליינע
פֿון ברעטער געמיינע
האָב איך קוים מיט צרות געמאַכט!

געדעקט דעם דאַך
מיט אַ ביסעלע סכך
און איך זיץ איהר סוכּות ביי נאַכט.

פֿון ווינד דעם קאַלטען,
וואָס בלאָזט דורך די שפּאַלטען
מיין ליכטעלע לעשען זיך וויל;

דאָ מאַך איך מיר קידוש,
און זעהט נאָר אַ חדוש:
מיין ליכטעל ברענט רוהיג און שטיל!

מיט פֿערזאָרגטען געזיכט
דאָס ערשטע געריכט
טראָגט מיר מיין ווייב באַלד אַריין:

זי שטעלט זיך אַוועק
און זאָגט, ווי מיט שרעק:
דער ווינד וואַרפֿט די סוכה באַלד איין!

— עט, זיי ניט קיין נאַר
און האָב ניט קיין צער
עס זאָל דיר דער ווינד ניט טהון באַנג:

ניט זעלטען זיי קומען
די ווינדען און ברומען;
דאָך שטעהט אונזער סוכה שוין לאַנג!...



# אַ האָהר פון באָרד.

כ'האָב אין קליינזעל אין אַ ספר
פון אַ באָרד אַ האָר געפונען,
און: „ווער איז זי, ווער?" די שאלה
געהט מיר ניט אַרויס פון זינען!

ווער פאַרט האָט זי אויסגעריסען,
און אַוועקגעלעגט אַהער?
צי אַ בטלן, ווען די סוגיא
איז איהם צוגעגאַנגען שווער?

אָפּשר איז זי פון אַ פּרוש?...
לאַנג נישט אין דער היים געווען...
און עס כאַפּט איהם אָן אַ ווייטאָג,
וואָס ער קען זיין ווייב ניט זעהן?

אָפּשר אַ ישיבה־בחור?
האָט דעם טאָג נישט אָנגעביסען...
און אַז ס'האָט געצופּט דער הונגער,
האָט ער הערליך אויסגעריסען?...



# שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם צוּם גְרִינֶעם.

אַךְ, שלום עליכם, מײַן טײַערֶער
ברודער,
מײַן לאַנדסמאַן מײַן ליעבער, מײַן רוסישער
איד!
אַ קראַנקער אהער ביזטו, זעה איך,
געקומען,
עס װעהטאָגט און ברעכט אין דײַן גוף
יעדעס גליעד.

ניט איין מאָל געזאָגט האָסטו דאָרט שוין
וידוי,
דו ביסט דאָך פון רוסלאַנד, װאו יעדער
איז פרום!
און קומענדיג איצטער פערמאַטערט, דער־
שראָקען,
אָ, װאַנדעלסטו עלענד און איינזאַם
אַרום.

אברהם רייזען.

דו זוכסט אַ פּרנסה... דאָס האָט דיך
גערצוויגען,
דאָס האָט דיך געבראַכט און פֿערוואָרפֿען
אַהער,
דו ביזט דאָרט אין רוסלאַנד גענוג אויס־
געשטאַנען,
דאָס לעבען געווען איז דאָרט ביטער און
שווער.

דו זוכסט אַ פּרנסה... דו האָסט דאָך
געלאָזען
צו הויז אַ געזינדעל פֿעראָרימט, פֿער־
צאָגט,
זיי האָבען מיט טרערען בעגלייט דיך צום
„פּאָיעזד",
„כ'וועל אייך ניט פֿערלאָזען" — האָסטו זיי
געזאָגט!

דו זוכסט דיר איין אַרבייט, אָ טייערער
ברודער,
דו ביזט אַזוי קראַנק דאָך, זעהסט אויס ווי
אַ מת!
אָ, ווייסטו, ווי שווער איז ביי אונז דאָ די
אַרבייט,
ווי שווער איז דאָס שטעפּען, ווי שווער איז
די פּרעס!

שוין דריי יאָהר אַז ד'אַרבייט, מיין טייערער
ברודער,
פערשפּאַרט אין פאַבריק פון פריהמאָרגען ביז
נאַכט,
די כוחות די לעצטע זיי האָב איך פער-
לאָרען,
און קוים נאָר דאָס אָרימע לעבען
געמאַכט!...

נאָר צופֿיעל האָב איך זיך פֿערערעדט מיט דיר,
ברודער,
די צייט איז ביי אונז ניט קיין אייגענע
זאַך ...
דו וואַרט נאָר ביז זאָנטאָג, דאָס איז אונזער
שבת,
איך וועל דיר דערצעהלען נאָך צרות
אַ סך ...



# שְׁפוֹךְ חֲמָתְךָ.

שפוך חמתך על הגויים!
די וואָס האָבען ניט פֿערשטאַנען
יענע גאולה פֿון מצרים
די בעפֿרייאונג פֿון טיראַנען!

וואָס זיי האָבען דיך געצוואונגען
אין די קעלערען און היהלען
זיך בעהאַלטען און פֿון פֿרייהייט
דיינע קינדער צו דערצעהלען.

שפוך חמתך על הגויים,
וואָס פֿערשטעהען ניט גאָטס נאָמען
און דער פסח און דער פֿריהלינג
דיענט אַ צייכען פֿאַר פּאָגראָמען.

וואָס זיי האָבען אין די כוסות
דיר געגאָסען שרעק און סם,
און פֿערפֿלעקט דיין ריינסטען יום טוב
מיט אַ בייז עלילת־דם!



# דִי פֶּערְרֶעטֶערִין.

(פראגמענט).

עֶס האָט גֶעצְווינגֶען אִיהר מִיט ווִילדֶען
גלוּט
צוּם פרֶעמדֶען, פרֶעמדֶען פאָלק, צוּם פרֶעמדֶען
בלוּט ...
גֶעקוּקט האָט זִי פֶערַאכטלִיך אוֹיף אִיהר
שטאַם
צוּם פרֶעמדֶען האָט גֶעגלִיהט אִיהר לִיעבֶּעס-
פלאַם.
אוּן נִיט דֶעם פרֶעמדֶען נאָר — דֶעם שׂוֹנא
אוֹיך,
וואָס האָט אִין חרבוֹת אוּן אִין אַש אוּן
רוֹיך
פֶערוואַנדֶעלט אַזוֹי בֵּייז אִיהר פאָלקס פֶער-
מֶעג,
אִין ווִיסטֶענִיש גֶעבּראַכט אוֹיף לאַנגֶע
טֶעג ...

און ווען דער שונא האָט זײַן גאַנצען האַס
בּעצאָהלט,
האט ער נאָך נוקם זײַן זיך אַלץ
געוואָלט,
ער האָט אין אינוועניג נאָך אַלץ
געפלוכט
און האָט דעם פֿאָלקס נשמה בּייז
געזוכט...
און זי אָהן קאַמפּף נאָר רוהיג, שטיל
און שאַ
האָט איהם געשמייכעלט: ווילסט מײַן זעעלע,
נאַ!
ווען ס'פֿאָלק האָט שטיל געקרעכצט פֿאַר וועה
און שפּאָט,
האָט זי געקניהט זיך פֿאַר'ן שונא'ס
גאָט...



# חֲנוּכָּה.

„ברוך אתה!
זינגט דער טאַטע
און ער צינדט די ליכט,
און די שטראַלען,
מילדע, פאַלען
אויף זיין בלאַס געזיכט.

און אַ פייער —
הייליג, טייער —
אין די אויגען לייכט,
און דער מידער
מיט די גלידער
האָט זיך אויסגעגלייכט.

און עס דאַכט זיך,
און עס טראַכט זיך:
ס'איז נאָך עפּים דאָ;
ס'איז געבליבען
וואָס צו ליעבען —
הייליג איז די שעה!

אַלטע קלאַנגען
לאַנג פערגאַנגען —
ניין! עס קלינגט נאָך צינד
זינג מיר טאַטע
ברוך אתה
און איך בלייב דיין קינד!...



אברהם רייזען.

# תַּשְׁלִיך.

נִיט בַּיַי'ן ירדן, וואוּ דאָס וואַסעֶר
פְלִיעסט ווִי זִילבעֶר העֶל און קלאָר;
וואוּ דִי ווּעֶלעֶן רוישעֶן, מורמלעֶן,
ווִי אַ זאַנפְטעֶר, שטִילעֶר חאָר.

נִיט בַּיַי'ן ירדן וואוּ עֶס טראָגט זִיך
פְרום און הַיילִיג גאָטעֶס לִיעד;
אָ, נִיט דאָרטעֶן ווִעֶט אִיהר טרעֶפְעֶן
אִיצטעֶר שטעֶהן דעֶם אַלטעֶן יִיד!

בַּיי אַ שטעהעֶנדִיגעֶן וואַסעֶר,
בַּיי אַ בּרעֶג פוֹל קוֹיט, שטאָט זאַנד,
דאָרטעֶן ווִעֶט אִיהר אִיהם אִיצט טרעֶפְעֶן
מִיט אַ סִידור אִין דעֶר האַנד.

און ער שטעהט דעם קאָפּ געבויגען
און דאָס הארץ — עס דריקט איהם שווער,
און פון זיינע מאַטע אויגען
גיעסט זיך, קאַפּעט שטיל אַ טרער.

האָט ער זיך דערמאָנט אָן ירדן,
אָן זיין וואַסער קלאָר און ריין,
אָדער בעט ער אויף פּרנסה —
אָ, ווער קען איהם איצט פערשטעהן!





אברהם רייזען.

# דָאס קִינְד.

עֶס אִיז אַ קִינד אַ גאָלדענס
און פִּיהלט זיך פראַנק און פריי;
אין וואָס פאַר דאַגות האָט עֶס דען,
אַז יאָהר פֶערמאָגט עֶס דריי?

אַ צרה מִיט די שפּראַכען נאָר,
מִיט שפּראַכען אָהן אַ שיעור;
אַה, יאָהרען האָט דאָס קִינד נור דריי
און שפּראַכען דאַרף עֶס פִיער!...

די מאַמע אִיז אַ „רוסִישע",
אַ לִיטווִישע געמיינט —
נו, רעדט זי מִיט אִיהם רוסִיש נאָר,
זי אִיז אַזוֹי געוועהנט...

די ניאַניע אִיז אַ פּוילִישע —
ווי קאָן עֶס אַנדערש זיין?
נו, בּרעכט דאָס קִינד די ציינהנדעלִיך
אויף פּוילִיש העפלִיך, פיין!

אברהם רייזען.

די באָבע איז אַ ייִדישע
און רעדט — צו שפּאָט — „זשאַרגאָן״;
נו, פּלאַפּלט ס׳קינד, אויף ייִדיש אויך,
וואָס קאָן עס, נעביך, טהאָן!

דער פּעטער איז אַ ציוניסט
און האַלט פון אחד־העם,
נו, מוז דאָס קינד חאָטש ווינטשען זיך
מיט איהם אַליין: שאַלאָם!

אוי, מייער, גאָלדען־קינד דו מיינס,
אוי, מיר זאָל זיין פאַר דיר!
דו מיינסט, אַז דו ביזט יוצא שוין
אַליין מיט שפּראַכען פיער...

מען זוכט אַ גובערנערין נאָך —
אַ דייטשקע... דאָך געגוג...
עס וועט דאָס קינד שוין אויסוואַקסען
ווי מאַטע־מאַמע קלוג...



# אונזערע מיידעליך.

(פון דייטש).

אז איך האב דיך געפרעגט:
צי זאל איך אייך בעשיצען?
האסטו געזאגט מיין הער: איהר זענט צו גראב...
אז איך האב דיך געפרעגט:
קען איך מיט וואס אייך ניצען?
האסטו געזאגט: איך וועל אייך געבען באלד א גאב.

אז איך האב דיר א קוס דערמאהנט: ערשטוינונג
ביזטו געווארען גלייך: וואס הייסט א קוס!
אז איך האב שטרענג געזאגט: נו קום צו מיר אין וואהנונג,
האסטו געזאגט: נא, ענדליך אנ׳ענטשלוס!...



 אברהם רויזען

# ניט לאַכט.

ניט לאַכט פון איהם, ברידער
איהר הערט אין די לידער
געגראַמט אָפט דאָס הערץ
מיט שמערץ און מיט שמערץ

איהר זאָגט מן הסתם:
דאָס ברויך ער צו'ם גראַם!
אומזיסט אייער מיין
דער שמערץ קומט אליין...

און ניט נאָר דאָס הערץ
געגראַמט איז מיט שמערץ —
די גלענצענדע שטערען
זיי גראַמט ער מיט טרערען.

דעם ליכטיגען זומער
מיט פינסטערן קומער —
דאָס שטאַמט וויל זיין ליעד
געגראַמט איז מיט ייד!



# וואו?

די וועלט איז גרויס
יאָ, פֿריינד, איך ווייס —
איך קען אויך די לאַנד־קאַרטע,
דאָך וואו, פֿאָרט וואו,
געפֿינט מען רוה
אין צייטען שווערע, האַרטע.

אַ צעהנטיל טהייל,
דאָס ווייסטו וואוילט,
געהערט צו די קאַצאַפּעם;
אַ גרויסער שטיק
פֿון רייכקייט, גליק
ליעגט שטייף אין פּרייסענס לאַפּעס.

די שענע שווייץ
איז פֿול מיט רייץ
און יעדער באַרג ביז הימעל;
דאָרט ליעבט מען ריין
און שטיל און שיין —
און פֿרעמדע מאַכען טומעל.

אברהם רייזען.

בריטאַניען איז
אַ לאַנד אַריז,
די רײַכקײַט שלאָגט מיט קוואַלען;
דאָך זי בײַ'ן ברעג
גיט בײז אַ פרעג:
צי ווערסט צו לאַסט ניט פאַלען.

אַמעריקע
זי קען איך, יע!
אַ פרײַעם לאַנד מיט גליקען;
איך פאָהר אַהין,
דאָך שרעקט דער זין:
מען זאָל צוריק ניט שיקען:



# דער פרייער פויגעל.

אט זעה איך דעם פויגעל, — ער פליהט שוין אוועק —
ער ליעבט נישט דעם ווינטער דעם קאלטען:
ער האט זיך א זומער א גאנצען אין וואלד,
אין פרעהליכען וואלד אויפגעהאלטען.

אויף ערגעץ א בוים איז זיין דירה געווען,
ער האט זי ביי קיינעם געדונגען;
ווי פריי האט ער זיך אויף זיין דירה געפיהלט,
ווי זארגלאז ער האט דארט געזונגען!

און פ״יי איז ער יעצט, ווי די וועלט איז נאר ברייט!
איז שולדיג דארט קיינעם געבליעבען —
און „אויסמעלדען" דארף ער זיך נישט פון קיין בוך,
מען האט איהם אין וואלד נית פערשריבען...

און ווייט איז זיין רייזע, פאר טויזענדער מייל,
דאך פליהט ער מיט רוהיגען הארצען,
זיין וועג איז א פרייער, גאנץ הויך פון דער ערד —
ער דארף איהרע „גרענ'צען" נית שווארצען...



אברהם רייזען.

## דער געשמידטער מענש.

ס'איז דא א וועלט פון שענהייט
פון פעלדער, בלומען, גראז;
און איך זעה נאר געמיינהייט
פון יעדען בעל־הבית.

ס'איז דא א וועלט א פראנקע,
פערנעמט מיליאנען מייל,
און איך געה אוים און צאנקע
אין קאמער פון פיער אייל.

ס'איז דא א וועלט א ברייטע,
וואס האט קיין גרענ'צען ניט,
און איך, דער מענש, דער שוטה,
האב זעלבסט מיך איינגעשמידט...



# דער הויף.

(אַ וואַרשעווער בילד).

הונדערטער טירען האָט דער הויף
און אַלע סקריפּען, סקריפּען,
הונדערטער קינדער האָט דער הויף
און אַלע חליפּען, חליפּען.

הונדערטער הענדלער קומען אין הויף
און אַלע זינגען, זינגען,
הונדערטער שכנים קומען נאָך עלף
און אַלע קלינגען, קלינגען.

---

און וואָלסטו האַפּען אין דער פריה
אַ דרימעל, גאָט דו איינער! —
הונדערטער ווייבער וועקען דיך
מיט געוואַלדען: ביינער, ביינער!...

און וואָלסטו נאָכ'ן מיטאָג האָטש
זיך צוגעשפּאַרט אַ ווײַלע,
דאָ הויבט זיך מיט מאַטראַצען אָן
אַ קלאַפּערײַ, אַ יעלה.

---

דו וואַרטסט געדולדיג אָב אַ שעה,
עס שווײַגען שוין מאַטראַצען,
דאַן הויבט אַ פּיאַנע ערגעץ אָן
צו צימבלען פון „פּאַיאַצען"...

פערפאַלען, נו, דו וואָלסט עס שוין
מקבל זײַן באַהבה,
דאָ קומט דער קאַטערינשטשיק נאָך
און יאָמערט: חוה, חוה...



# דאָס ליעד פון בענקענדען.

ס׳ווערט מיין זעעלע טריעב און באַנג,
אין דעם ליאַרמען, אין דעם גרילען;
איך וויל הערען כלי־זמר שפּיעלען,
איך וויל הערען פיעדעל־קלאַנג...

ס׳ציהען טעג זיך, לאַנג און גראָה —
רינגלעך פון דער קייט פון לעבען;
איך וויל זעהן, ווי פייגעל שוועבען
אין די הימלען הויך און בלאָה!

אָ, איך האָב שוין מעהר קיין קראַפט
אין דעם קאַלטען לאַנד צו פריהרען;
איך וויל בלומען־דופטען שפּירען,
בלומען־דופט און בוימער־זאַפט.

אָ, דער וועג, ווי שווער און האַרט!
דאָרשטיג בלאָנזש איך ווי אַ פערבּרעכער;
כ׳וויל אַ טרונק פון ליעבּעס בעכער,
כ׳וויל אַ קוש פון ליפּען־צאַרט...



אברהם רייזען.

# שווער...

אָ, מענשען אהער!
דער וואגען איז שווער
איך קען מעהר ניט פיהרען!
אָ, נעמט וואס אראב
א ביסעל, א טראפ —
די לאסט זא ניט שפירען!

דער וואגען געפאקט
און זאמדיג דער טראקט,
עס טרעפט באלד א סיבה...
אָ נעמט חאטש אוועק
פון אלע די פעק
איהר ליעבע, איהר ליעבע...



* *

*

אוּן אַז אִיךְ דערמאַן, ווי דוּ דאָסט מִיךְ בעהאַנדעלט
פערהאַס אִיךְ די וועלט,
אִיךְ דריק מײַנע פויסטען צוּ דיר אָנגעמאָסטען,
אוּן שעלט דיך אוּן שעלט...

אָ, דלילה דוּ מײַנע, אִיךְ האָבּ דיר, ווי שמשון,
פערטרויט מײַן געדאַנק,
אוּן דוּ האָסט מִיךְ אײַנזאַם אוּן עלענד פערלאָזען
עלענד אויף לאַנג...



אברהם רייזען.

* * *

מײַן קינד געװעזן איז קראַנק און בלײך
נאָר זיס און ליעב און צאַרט און װײך,
איך האָב מיט איהר קײנמאָל געהוליעט,
איך האָב זי נאָר צו זיך געטוליעט.

געטוליעט צאַרט בײַ טאָג, בײַ נאַכט,
ביז װאַן איך האָב זי געזונד געמאַכט,
און װי זי איז געזונד געװאָרען,
זײַט דאַמאָלט האָב איך זי פֿערלאָרען.



# אויף קאַראַאויל.

(אויף וואַך).

... און ווערט דער הימעל פינסטער, שוואַרץ
בעדעקט מיט וואָלקענס פול, —
אָ, דאַן בעדויער מיך, מיין פריינד:
איך שטעה אויף קאַראַאויל!...

און גיט דער דונער הויך אַ קלאַפּ
עס ציטערט אַזש דאָס הויז —
אָ, דאַן בעדויער מיך, מיין פריינד,
און לאָז אַ טרעהר אַרוים...
אָ, דאַן בעדויער מיך, מיין פריינד,
און זאָג מיט מיטלייד פול:
„ווי שרעקליך איז אין דונער, בליץ,
צו שטעהן אויף קאַראַאויל!"...

און גיעסט דער רעגען האַסטיג, לאַנג,
דו לויפּסט אַהיים זאָפאָרט —
אָ, דאַן בעדויער ווידער מיך:
איך ריהר מיך ניט פון אָרט;



בעדויער מיך, מײַן ליעבער פרײַנד:
דו זיצסט שוין אויף דײַן שטול, —
דער רעגען נעצט און וועקט מיך אויס:
איך שטעה אויף קאַראַאול!...

און שטורמט דאָרט דער ווינד ביי אײַך,
און רײַסט מיט גוואַלד די טהיר,
און פײַפט, און קנאַקט, און יאָמערט ווילד, —
אָ, דאַן בעדויער מיך:

דאַן פלאַצען דעמבעס אויך אין וואַלד
און חיות פאַלען פול, —
איך אײנער שטעה נאָר אונבעוועגט:
איך שטעה אויף קאַראַאול!...

קאָוונא 1896



* *

*

דרויסען ברומט דער ווינד מיט כעס
און ער ווארפט פון דר'ערד דעם שנעע
דאך אין זאל איז ליכטיג, ווארעם,
דאס געזינדעל זיצט ביי'ן טהעע.

דרויסען ברומט דער ווינד מיט כעס
און בעהערשט די גאס מיט מאכט,
דאך אין זאל איז ליכטיג, ווארעם,
דאס געזינדעל ווינצעלט, לאכט.

לאז דער ווינד נאך שטארקער ברומען,
לאז ער! אח, וואס ארט עס זיי—
אין דעם זאל איז ווארעם, ליכטיג
און אויך זודיג איז דער טהיי,

דאך אין דרויסען לויפען מענשען,
חאטש ס'איז ביטער, חאטש ניט ליעב...
א, די נויט—ניט אלעם לאזט זי
זיצען ביי דער טהעע אין שטוב!...



אברהם רייזען.

## צו'ם רייכען ברודער.

דו האסט פערגעסען דעם ברודער'ס נויט,
זיין עלענד און זיין פיין,
און ווען ער איז געזעסען אהן ברויט
האסטו געטרונקען וויין.

און ווען ס'האט ביי איהם אין פאדוואל
ס'לעמפעל געדרויכערט די ווענד,
האט דעמאלט ביי דיר אין דיין זאל
צעהען בלימצ-לאמפען געברענט.

און ווען ס'האט דער פראסט געקנאקט
און ער האט געציטערט פאר קעלט,
האסטו די קאמינעס מיט האלץ געפאקט
און שעלמיש געלאכט אויס דער וועלט.

און ווי נאר ס'איז געקומען דער מאי,
האסטו שוין אין וואלד זיך געקוויקט,
געלעגען אויפ'ן גראז, געפיהלט זיך פריי,
און איהם האט די לופט דא געשטיקט...



# צו ...

אָ, ווי פֿריש דו ביזט און ווי געזונד!
עס וועהט פֿון דיר דער דופֿט פֿון לעבען,
און זיצסטו, מיידעל, מיר דערנעבען
פֿערהיילט זיך יענע אַלטע וואונד!

אָ, יענע וואונד, וואָס האָט געמאַכט
דאָס קליינע מיידעל און די שוואַכע,
וואָס האָט געפֿיהלט מיין האַרץ מיט ראַכע
און האָט פֿערקעהרט מיין טאָג אין נאַכט.

איך לעהן מיך אָהן אָן דיר און ווייס —
עס קעהרט זיך אום דער אַלטער שאָדען
און ס'האָט די וועלט צוריק אַ באָדען
און קענסט נאָך ליעבען ווידער הייס.




אברהם רייזען.

# ביי׳ם בלאָז-זאַק.

עס פליהען די פונקען
אין קוזניע ביי׳ן שמיעד.
ער המאַרעט ... ן המאַרעט
און זינגט צו א ליעד:

„גענוג שוין צו שמיעדען
דעם אייביגען שלאָס,
פערשליסען די אוצרות —
פון וועמען? פאַר וואָס?"

עס דונערט דער המאַרע,
ער וועקט און ער ברומט:
וועקט אַלע שלעסער:
און נעהם וואָס דיר קומט!



# דִי עֶרְשְׁטֶע טֶעג...

די ערשטע טעג האָב איך געמיינט
אַז דער הימעל פֿאַלט אַראָב,
און ער טרעפֿט מיר גלייך אין קאָפּ,—
אָ, ווי האָב איך דאַן געוויינט!

דו בּיזט אַלץ ניטאָ... פֿערטראַכט
געה איך אום, פֿערקלעמט, פֿערבּענגט,
דאָך דער הימעל רוהיג הענגט
און עס דאַכט מיר, אַז ער לאַכט...



## צו אַ דיכטער.

(פרייע פון לענאו).

נאר דער יעניגער וואס שאפט
זיך אַ וועג מיט אייג׳נע מיהען—
יענעמס אַרבייט האט אַ האפט
און זיין קראנץ וועט אייביג בליהען.

קריגסטו דאך דיין רוהם אין שאַרבען
מיט דעם מיסט פון שמייכלעריי׳ען,
וועט עס איבער נאַכט אָבשטאַרבען,—
קונסט דאַרף וואַקסען ווילד, און פרייען...



## יאפּאנישע ליעדער.

(נאָך דער דײַטשער איבערזעצונג).

.1

## דער אָבשייד פון פרײַנד.

איך בין אראָב פֿון פערד און האָב די האַנד
געררייכט צום אָבשייד איהם, און האָב געפרעגט:
וואוהין און אויך פאַר וואָס ער פאָהרט אַוועק!
ער האָט מיט ציטערדיגער שטים געזאָגט:
מיר איז, אָ, פריינד, דאָס גליק ניט טריי געוועז.

וואוהין איך געה? איך וואַנדער אין די בערג;
איך זוך מנוחה פאַר מיין איינזאַם הארץ;
איך וועל שוין קיינמאָל זיך ניט שלעפען ווייט—
מיעד איז מיין פוס און מיין נשמה מיעד,
די ערד, מיין פריינד, איז גלייך, גלייך אומעדום
און אייביג זעגען נאָר די ווייסע וואָלקען...





אברהם רייזען.

.2

## אין דער פרעמד.

אין פרעמדען לאנד בין איך געלעגען; אין גלאנץ
אין ווייסען האט דער מאנד מיין ארט געמאלט.
איך האב דעם קאפ געהויבען אויף—געמיינט האב איך,
עס איז דער מארגענשטערן, וואס האט אזוי געשימערט.
אבער האב געפיהלט איך: דער מאנד, דער מאנד!
איך האב געניייגט מיין פנים צו דער ערד אהין
און האב געמיינט מיין היים, זי ווינקט מיר פון דער וויים...



נאָך קנות האמסון.

I.

# איך זיץ...

איך זיץ און איך גריבעל און קען ניט פערשטעהן:
דער קאָרען פערשניטען, די בלעטער צושאָטען,
און אַלץ, וואָס אין זומער געבליהט, איז צוטראָטען.
דאָס גראָז האָט געגרינט נאָר כדי צו פערגעהן —
איך קען ניט פערשטעהן!

דאָס גראָז האָט געגרינט, כדי היי וועלען שפּעטער,
דאָס קאָרען — צו שטילען דעם הונגער און נויט,
די בלעטער — צו קיהלען אין ברענענדען וועטער —
דאָך איך — למאי האָבען מיר שמחות געבליהט אַזוי רויט
און זענען איצט טויט!



אברהם רייזען.

II.

# צו אַלווידע.

גאָט שטראָף דיך, אַלווידע.
דו האָסט גערויבט מיין גליק
און האָסט געפיהרט מיך בלאָנזשענד,
און נעהמסט דיין וואָרט צוריק.
אַ ווייטער וועג ערוואַרט מיך צינד,
דאָרט שיינט קיין זון, דאָרט בלאָזט אַ ווינד —
גאָט שטראָף דיך, אַלווידע.

גאָט בענש דיך, אַלווידע,
פאַר יעדען אויגענבליק.
דו האָסט מיך פיעלע נעמען
גערופען, אויך דיין גליק.
דו לאָזסט מיר אין דיין האַרץ אַריין
און ביזט אַ וויל געוועזען מיין.
גאָט בענש דיך, אַלווידע!



# וואָס געדויערן די תּקיעות?

וואָס געדויערן די תּקיעות?
האָט דער תּקיעות־מאַן אַ פעהלער? —
שיקט אַ צווייטען, מאַכט קיין שהיות!
לאָז זיך שאַלען שטאַרקער, העלער!

נימ פון אַלטע זאָלט איהר קלויבען —
שיקט אַ יונגען: מוטה און לעבען!
לאָזען ציטערן די שויבען
פון זיין רוף, וואָס ער וועט געבען!

און אויפלעבען זאָל ישראל
פון זיין לאַנגען שלאָף און טויטען,
און צובּרעכען זיינע צוימען,
און צושמעטערן די קייטען!...



…הם רייזען.

# די עלטער.

ווי עס טהוט דאס הארץ מיר וועה,
ווען איך זעה דעם אלטען יידען
מיט דעם טריעב-פערלאשען בליק,
מיט דעם פנים מיט דעם מידען.

אבגעשטופט דאס וועלטעל שווער,
ווי א פול-געפאקטען וואגען;
נאכגעגאנגען און געשטופט,
ווי די כוחות פלעגען טראגען.

איצטער איז ער אלט און שוואך,
אוים אמונה, אוים בטחון,
און דער וואגען סקריפעט שווער,
און די רעדער איינגעבראכען...



## צום אײנזאַמען.

וואו דו קומסט — ביזטו קײן הינגער,
וואו דו קומסט — ביזטו אַ גר;
ביזט פֿאַר אַלע בעסער, קלינגער
און דאָס וועט דיר אויסגעהן שווער.

דען די וועלט האָט פֿיעל מדינות
און פֿיעל מענשען און פֿיעל שפּראַך,
דאָך דײן זעעל האָט איהרע מינעס
און דאָס איז די שענסטע זאַך.

זאָל מען לאַכען, זאָל מען שפּעטען,
זײ ניט בײז, צוריק ניט שעלט!
לאָז דײן שפּור נאָר ניט פֿערטרעטען,
גײה און בלײב אַלײן אַ וועלט...



אברהם רײזען.

## אָ, וואו זענען?

אָ, וואו זענען הינגעקומען
פון י קושען יענע קלאנגען?
זענען זיי אין לופט צורונען
און פערקלונגען און צוגאנגען?

אָער בלאָנזשען זיי אין לופטען
מיט מיין בענקעניש צוזאמען
און זיי זוכען זייער מקור,
וואו זיי וואָלטען ווי עער פלאמען?

און זיי קענען ניט דערגרייכען,
און זיי קענען ניט דערפליהען,
און עריבער בלאָנזשע איך אָ
און געה אוים פאר ווער אין גליהען?



# דאָס צווייגעלע.

(פון רוסיש).

אַח, דו, ליעב צווייגעלע,
וואו דען ווילסטו שווימען
היט זיך פאַר'ן בייזען ים —
ווערסט אויף איהם אומקומען.

ס'וועלען דיך די פאַליעס וויט
וואַרפען אָהן ערבאַרמען,
ווי מען וואַרפט דאָ אויף דער ערד
דעם יתומ'ל דעם אָרמען.

ס'וועט קיין קאַמפף ניט העלפען דאָ,
שוואַך ביזטו — סכנות,
שווים־זשע, צווייגעל, ווייטער ניט,
האָב אויף זיך רחמנות.

אברהם רייזען.

— אָ, צו וואָס דאָס שוינעֶן זיך,
כ׳בין סײַ ווי פֿערלאָרען:
אָבגעריסען פֿון מײַן בוים
בין איך לאַנג געוואָרען.

איצטער מעג מיך יעדער ווינט
וואַרפֿען הויך און ניעדער,
צוצוואַקסען צו מײַן בוים
קען איך שוין ניט ווידער.



# דער שמעטערלינג.

פריידליך פליהט אום
און קושט יעדע בלום
דער שמעטערלינג — קושט יעדע רויז.
די זון נאר פערגעהט,
דער אבענד דיך טוידט —
ארימעס וועזען — הער אוים!

— אח, נארישער פריינד,
מיין לעבען איז היינט
איין טאג און ניט מעהר און שוין גאר!
איך טו ש ניט מיין טאג
אהן טרערען אהן פלאג,
אויף אייערע זיבעציג יאהר...



אברהם רייזען.



קוק דעם אומגליק אין די אויגען
מיט א שמייכעל אויף די ליפען,
זאל ער זעהן דיין מוט און כח,
זאל ער זעהן דיין שטאלץ.

זאל איהם טרעפען דיינע בליקען,
ווי די פיילען פון דעם בויגען
אויפ'ן ברייטען, ווייטען שלאכט=פעלד
אין דעם שונא'ס ברוסט!

און ענטלויפען זאל דאס אונגליק
צו דער נארישער השגחה,
און זיך קלאגען א פערשעמטער:
א, דער מענש איז שטארק!



# אַ געדאַנק.

און ווען דו וועסט שטאַרבען — דאָס זאָל דיך ניט אַרען,
פון דעם זאָלען טראַכטען און קלערען די נאַרען.
דו זײַ ניט, ווי אַלע, פערנאַרישט, פערגראָבט,
דו זאָלסט זיך נאָר פרעגען: „ווען האָב איך געלעבט?"



אברהם רײזען.





וואָס שושקען זיך די שטערענדליך,
וואָס האָבען זיי פאַר סודות?
דאָס שלעכטס זיי זעהען פון דער וועלט,
פאַר גאָט זיי זאָגען עדות.

עס גלויבט זיי גאָט! — דו שלעכטער מענש,
דו טאָרסט נים רוהיג שלאָפען:
געדענק, פאַר אַלע דיינע זינד
וועט גאָט דיך שטרענג בעשטראָפען!...



# דֶער פְּרַייעֶר.

קיינמאָל שרעקט מיך ניט דער מאָרגען,
נאָר דער היינט איז מיינער,
מיינע פרײדען, מיינע זאָרגען
זענען העלער, פיינער.

פון א לעבען א געניטען
לויף איך ווי פון פייער,
ועלען ווינדען האָטש מיך טוידטען, —
שטארב איך דאָך א פרייער!...



# דָאם בּוימֶעלֶע.

אָט שטעהט דאָרט אַ בּוימעל
גאָר עלענד אַליין;
דעם ווינטער דעם גאַנצען
אַזוי ועט עס שטעהן.

עס וועט איהם פערשיטען
אָהן מיטלייד דער שניי —
איך קוק אויף דעם בּוימעל,
און ס'טהוט אַזוי וועה.

און ציהען זיך, ציהען
דער ווינטער וועט לאַנג,
אָהן וואַרימע שטראַהלען,
אָהן פייגעל־געזאַנג.

אַרום ווי אַ חורבן
אַלץ נאַקעט און בלויז,
דער ווינד נאָר וועט הערשען
און ליאַרעמען בייז...

איך וואַרף צו דיר בוימעל,
מיין פייכטליכען בליק:
צי וועל איך דיך טרעפען
אין זומער צוריק?...



# אַ פּאָלקס צוג...

(געזעהן אין ניו-יאָרק).

אָ, ציה זיך, ציה זיך אָרים-פאָלק,
אָ, ציה זיך ווייט און לאַנג;
וועק אויף די גרויסע, טויבע לייט
מיט ליעדער און געזאַנג.
געה דורך די גאַס, געה דורך דעם מאַרק,
בעוויז ווי אָרימקייט איז שטאַרק!

אָ, ציה זיך, ציה זיך, אָרים-פאָלק
און זינג און קלינג און רוף!
פון פיעלע שוואַכע, מידע לייט
ווערט איין געזונטער גוף!
אַ גוף וואָס קעמפפט מיט נייעם קראַפט
און נייע לעבענסוועגען שאַפט...

אָ, ציִה זיִך, ציִה זיִך אַריִם־פֿאָלק,
דיַין צאָרען־ליִעד הויִב אָן.
דאָס ליִעד, וואָס האָט געדריִמעלט שטיִל
פֿון לאַנגע יאָהרען אָן.
זיִנג אויס דיַין וועה, זיִנג אויס דיַין האַס
און זאָל דערמאָנען זיִך די גאַס...



אברהם רייזען.

# דער צופֿריעדענער.

(און אלבאם).

איך האָב ניט, ווי שלמה, געהאַט טויזענד
פֿרויען,
(דאָס וועט איהר, איך גלויב, אָהן אַ שבועה
מיר טרויען).
און מעג ווי פֿערדריסען און מעג זיין ווי
שאַדע —
קיין גערטנער, פּאַלאַצען פֿערמעגט ניט
אוודאי.
איך האָב ניט קיין קנעכט און קיין שאָף און
קיין רינדער,
איך האָב ניט געהאַט עס און האָב ס'ניט
אַצינדער.
און טאָמער איז אייך אָט דאָס אַלעס נאָך
וועניג
נו, ווייסט נאָך: כ'בין קיינמאָל געוועזען
קיין קעניג.

נאָר וואָס־זשע? וואָס שמירדט מיך, וואָס
האַלט מיך ביי'ן לעבען?
איך האָב אַ שולמית איין קוש נאָר גע־
געבען —
און פרעמד קלינגט מיר איצט שוין דער הבל
הבלים.
און ס'ווילט זיך מיר לעבען מיט אַלעם
בשלום...



אברהם רייזען.

# זון און פֶעלְד און וַואלְד.

זון און פֿעלד און וואַלד,
און אַ פֿויגעלס ליעד —
אָ, דו טרויריג האַרץ,
מיאש זיי זיך נישט!

שטראַהל מיט זון צוגלייך,
שטיל ווי בוימער זיי,
און צווינג זיך גלייך
מיט דעם פֿויגעל פֿריי!

זעה אַרום, ווי מילד,
זיי אויך דו נישט שלעכט —
שווייג אַביסעל שטיל:
ס'וועט שוין ווערען רעכט...



## ווען דאס לעבען...

ווען דאס לעבען איז פערביטערט
און דאס הארץ הויבט אן צו קלעמען,
און א טרער אין ד׳אויגען ציטערט,
און דערצעהלען — האסט ניט וועמען.

ס׳וועהט א קעלט אויף דעם ירידל,
איינז — צו וואס דו שטעקסט זיך צו;
א, מיין ארים-יידיש ליעדעל —
בלייב מיר דו חאטש, ווארעם דו!



# אַ לייד אַ ליעד...

אַ לייד — אַ ליעד, אַ לייד — אַ ליעד;
וואָס קענסטו, מזל, מאַכען?
דו וועסט גיכער ווערען מיעד —
איך וועל ליידענד לאַכען.

אָ, מזל, מעהרער ליידען גיעב,
איך שטעל מיר נישט דערווידער,
איך האָב דיינע ליידען ליעב:
ליידען זענען ליעדער.

